די

# אמעריקאנישע הגדה

— פון —

## א. מ. שארקאנסקי

---

אן הגדה, וואס מען קען זאגען ניט נאר אום פסח
נאר אויך א גאנץ יאר

---

היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני
632־34 בראדוויי, ניו יארק.

HEBREW PUBLISHING COMPANY
332-34 Broadway, New York.
1927

# דינים פון ערב פסח.

---

**א)** פאר פסח דארף זיך יעדער איד בעזארגען מיט עטליכע דאלאר, אנדערע דינען זיך נוהג צו פערזעטצען דיא בעביכעס אין פיין שאפ, און נאך אנדערע וועלכע האבען ניט וואס צו פערזעטצען אויך, איז געגעבען פאר זיי „מעות חטים“, אויף אידעש הייסט חטים „וועיטץ“, דערפאר ניט מען עס אן ארימען, ווייל עס איז „וויה צו איהם“.

**ב)** א איד א נגיד איז מחויב אום ערב פסח אבצושניידען דיא נענעל, גלאט א איד האט עס כלל נישט נייטהיג, מען שינדט איהם דיא הויט א גאנץ יאהר.

**ג)** ערב פסח און א גאנץ יום טוב דארפען מיר דיא „דיענסט מיידען“ האלטען בכבוד, ווייל נאטט האט אונז בעפרייט פון מצרים „מעבודה קשה“, צוליעב דיא שווערע דיענסט.

**ד)** דעם ערשטען האלבען טאג דארף מען ניט פיעל עסען, ווייל אז ניט וועט ניט בלייבען אויף דער נאכט צו עסען, טאמער זייט איהר רייך איז דער דין נישט אזוי.

**ה)** נעבארענע אמעריקאנער דארפען זיך זעהן מיט א דענטיסט, ווייל דיא הגדה קען „ספאילען“ זייערע צייהנער.

**ו)** ווען איינער האט איין ווייב אין אמעריקא און א צווייטע אין רוסלאנד זאל ער זיך זעהן וואס גיכער אבצוטראגען אדער אבצוגט׳ן. דער דין איז נוט פאר א גאנץ יאהר, עס איז נאר דערמאהנט געווארען, ווייל ערב פסח קען זיא זיך גראדע אונטערדרוקען, אזוי וויא דיא אידען זיינען אריבער דעם ים קען א אידענע אויך, דער חילוק איז נאר אז דא וועט דער איד שוין טרוקען ניט אבשניידען....

**קדש.** מען מאכט קידוש אויף גוטען וויין, טאָמער האָט איהר ניט קיין גוטע וועט איהר מוזען קויפען שלעכטע פאַר גוטע.

**ורחץ.** וואש דיא הענד און זאָג נישט קיין ברכה. (רעפאָרמער אשכנזים האלטען שטארק פון דעם דין).

**כרפס.** נעהם גרינע פעטרושקע, טונק איין אין זאלץ וואסער און זאָג: „געלויבט ביזטו קאָלאָמבוס, וואָס דוא האָסט אויסגעטראכט א לאנד, וואו אללעס איז הפקר פעטרושקע.

**יחץ.** ברעך אָב א שטיק פון דער מיטעלסטער מצה און לייג עס אוועק הינטער דיין נעזעס. (ביזטו רייך וועט עס דיר דערמאָהנען אן א שלעכטע סייווינגס ביינק, טאָמער ביזטו א קבצן זאָלסטו אין זינען האָבען דיא פיין שאָפּ).

מען נעהמט אין דער רעכטער האַנד דיא חרוסת, אין דער לינקער האַנד א שטיק גרין צייג, טאָמער האַט איהר א גרינע אידענע מיט א שוויעגער זייט איהר יוצא.

מען לייגט דעם ישראל גאַנץ פון אונטען, אויף איהם דעם לוי און אויפ'ן לוי דעם כהן. איז דיא קשיא: וויא קענען זיי איינליעגען איינער נעבען אנדערען און זיך ניט קריעגען? דער תירוץ איז מיט דעם כהן, דעם לוי און דעם ישראל ווערט געמיינט דריי מצות ווען דאס זאָלען זיין דרייא אידען וואלטען זיי ניט איינגעלעגען.

מען טרינקט דיא כוסות ווען מען איז אָנגעלעהנט אויף דער „לינקער" זייט, ווייל עפּעס „רעכטס" איז ניט פאַר אמעריקא.

אויב מען האט א יוראָפּיִען קאַזין צום סדר דאַרף מען איהם געבען צו פערשטעהן, דאס גלייך אין דעם ערשטען טאָג חול המועד זאָל ער געהן....

טאָמער איז עס א קוזינע, און נאָך א שעהנע קוזינע דערצו, איז מען זיך נוהג אוועקצושיקען דיא דיענסט און איהר בעהאלטען אין שבוב אויף תמיד.

**מגיד.** אויב מען האט נאָך ניט פערגעסען „עברי" דאַרף מען יעטצט אזוי זאָגען:

---

# כהא לחמא עניא.

**אָט דאס איז דער ביטערער ברויט פון מצרים,** ווער עס איז א קבצן האט חולי מעים, ווער עס האט טויזענד, מאכט שוין כפלים, היינט כאפ איך מיט איין האנד, איבער א יאָהר מיטביידע ידים.

**תּויס אָנגיסען דעם כוס און דער זוהן זאָל פרעגען דיא פיער קשיות.**

# מה נשתנה.

**מיט וואס איז פערענדערט נעוואָרען אמעריקא פון אלע לענדער?**

אין אלע לענדער איז א פּאָליטיקער א מענש, א בר דעת, א קאָפּ שטיק, דא אין אמעריקא איז יעדער ד׳מער יונג, יעדער נראָב בייכינער שארלאטאן א פּאָלי־טישען און א פ׳הרער. אין אלע מדינות זיינען דאָ אזעלכע וואס עסען חמץ און אזעלכע וואס עסען מצה —דאס הייסט רייך און אָרים—נאר אין אמעריקא עסען אלע מצה, אויסער איינינע מיליאנשציקעס וואס פרעסען חמץ א גאנץ יאהר און פערטרינקען פסח׳דינען וויין, יאהר אויס און יאהר איין. אין אלע לענדער לערנען אידישע קינ־דער כמעט שוין צופיעל, דא אין אמעריקא קענען זיי זיך נאר ארומפייטען. אין אלע לענדער עקסעסטירט „נאמנות", רא אין אמעריקא איז ניטא קיין נאמנות, קיין אמונה, נאר „מאני".

# עבדים היינו.

**דער תירוץ איז:** מיר זיינען קנעכט און מיר דיענען צום אלמעכטינען דאללאר, און מיר מוזען איהם ארויסציהען ביד חזקה, ובזרוע נטויה. מיט׳ן האנד און מיט׳ן האמער, אדער פערקעהרט מיט שווינדעל און גניבות, אלא ניט וועסטו מיט דיינע קינדס קינדער פערבלייבען קבצנים עד לימות המשיח, ביז אין טוידט אריין. **ואפילו כלנו חכמים,** מיר מעגען זיך זיין קלוג און פיין, עדעל און געביל־דעט, מוזען מיר קענען דיא אמעריקאני׳שע תורה „העלפּ יור־סעלף"…. **וכל המרבה לספּר,** ווער עס קען מעהר פון אלעמען **צעהלען… הרי זה משובח,** דער איז א וואוילער יונג.

# מעשה ברבי אליעזר.

דאס איז דיא מעשה מיט דיא רבנים, כל זמן זיי זיינען געוועזן אין רוסלאנד האט מען נאָר ניט געוואוסט פון זיי. אז זיי זיינען אריבער געקומען אין אמעריקא איז „רב לעזער" געווארען א'ן „אבן עזר", רב יהושע איז „א גאון הידוע", רב עקיבא איז דער „רב פון דער סביבה", און רב טרפון שרייבט הכשרים פאר דיא וואס דארפען.... והיו מספרים כל הלילה, צעהלען זיי שווערע טוי־זענדער אין וייער איינענס, ביז עס קומען אונטער זייערע תלמידים און זאגען רבותי, מען דארף שוין קיין שחרית אויך ניט דאווגען, דער יורענטהום מוז רעפארמירט ווערען.

# אמר רב לייזער זאריעס.

לייזער זאריעס זאָגט אזוי: איך בין שוין אלט א יאָהר זיעבעציג און איך האָב נאָך ניט זוכה געווען צו אזא כבוד און צו אזוי פיעל געלד וויא איך האב געמאכט אין דעם יאָהר. „ימי חייך" מיינט מען דיא מטבע. כל ימי חייך להביא לימות המשיח, אז איך בין געוואָרען א מיססיאָנער און פרעדיג פון „ישו המשיח" מאך איך דאס גאנצע געלד....

# ברוך המקום.

זעהט, וואס פאר א געבענשט ארט דא איזו ברוך הוא, נעלויבט איז קאָ־לאמבוס, וואס האט ענדעקט אמעריקא, פיער זארטען ברואים געפינט איהר דאָ: איינער איז א חכם, איינער איז א רשע, איינער — א תם, דער פיערטער א שאינו יודע לשאול.

א חכם איז דער וואס מאכט „דיא מאני".
א רשע איז דער וואס מאכט נאָר ניט.
א תם איז א ביינקער וואס נעהמט און ס'איז וויא אין תהום.
א שאינו יודע לשאול איז אזא קבצן וואס ווייס שוין ניט וואו צו לייהען.

# חכם מה הוא אומר

א חכם זאגט אזוי: מה העדות, והחוקים והמשפטים? וואס טויג מיר עדות געזעטצע מיט יושר. איך האב אייך אלעמען אין דר'ערד! מעגסטו איהם זאגען: האסט רעכט, טאטע הארצינער, ווער עס האט דיא מאות, דער האט דיא דעות.

# רשע מה הוא אומר.

דער סאָציאַליסט זאָגט אזוי: „מה העבודה הזאת לכם? וואָס טויג אייך ארבייטען „לכם ולא לו", איהר זאָרגט פאר זיך און ניט פאר'ן באָסס! וויא באלד ער זאָגט אזוי איז א סימן אז ער גלויבט ניט אין עיקר (אין דיא מאַכט פון דאללאר הקדוש). טאָ האק איהם אויס זיינע צייהנער, ווייל זיי זיינען איהם אין גאַנצע איבעריג, ער האט סאי וויא סאי ניט וואָס צו עסען.

# תם מה הוא אומר.

דער תם זאגט אזוי: מה זאת, וואס הייסט בעצאָהלען, מוזטו איהם צונעבען, אז מען נעהמט ניט איבער גוואלד האט מען ניט.

# ושאינו יודע לשאול.

היָּצן איינער האט שוין אפילו ניט וואו צו קריעגען נעליהען זאלסטו איהם עפענען דיא טהיר צו נעהן איבער דיא הייזער, שפּעטער וועט ער זיך מיט גאָטעס היקף איינגעוואוינען וועט ער נעוואוינט ווערען.

# יכול מראש חודש.

ווען איהר טראַגט געלד אין באַנק וועט איהר אפשר מיינען אז מען רעכענט אייך פּראָצענט גלייך פון ערשטען טאָג, תלמוד לומר ביום ההוא: שטעהט בפירוש אין באַנק ביכעל אז היינט טראגט איהר, און האבען וועט איהר שפּעטער, טאָמער ווילט איהר ארויסנעהמען דעם קרן דארפט איהר מיט דרייסיג טעג פריהער לאָזען אויסרופען, אלא בשעה שיש מצה ומרור מונחים לפניך, דוא מוזט זיך מיט זיי ביטער צו קריעגען, דאמאָלס לענט מען דיר אוועק דעם קרן אָהן א סענט רוח.

# מתחילה עובדי עבודה זרה.

נאָר אין אָנפאַנג האבען דאָ געוו וינט דיא אינדיאנער ויעבדו אלהים אחרים, האבען זיי געהאַט אנדערע מטבעות, זיינען געקומען דיא ווייסע און זיי דערצעהלט א מעשה און געזאָגט: דאָ קצאָרטו, אובּראַיסע!

# ברוך שומר.

**ברוך איז נעווען א שומר אין א קלאָטהינג סטאָר צום סוף האָט ער איהר אליין בעננבעט.**

(דעק צו דיא מצות, נעהם דעם כוס אין האַנד און זאָג :)

**והיא שעמדה.** אמעריקא בעשטעהט : אויף נעלד, נעלד און נעלד, ווע עס האט עס, האט דיא וועלט.

**צא ולמד.** נעה לעהרען זיך וויא צו מאכען א דאללאר, דען אין רוססלאנד, איז נאָר דיא נזירה אויף זכרים, דאָ אין אמעריקא אָבער מוז דיא פרוי פערשוואַרצט ווערען גלייך מיט'ן מאן, ו י ר ד מ צ ר י מ ה, מען נעהט קיין אמעריקא, ו י נ ר ש ם, וואוינט מען טאָפּ פלאָר, ב מ ת י מ ע ט, מיט איינינע באָרדערס, ו י ה י ש ם ל נ ו י נ ד ו ל, אזוי לעבט מען אין איינעם מיט דיא קאקערוטשעס.

# וירד מצריימה אנוס על פי הדיבור.

מיר זיינען אראָבנעקומען קיין אמעריקא געצוואונגען דורך דיא רעניערונג, ש ל א ל ה ש ת ק ע ש מ ה, נים אויף צו ווערען סיטיזענס נאָר כאַפּלאַפּ, מאכען א פּאָאר דאָללאר.

**במתי מעט** מיט דיא באָרדערס איז וויעדער אן אנדער נעשיכטע. מ ל מ ד ש ה י ו י ש ר א ל מ צ ו י נ י ם ש ם, עס פאסיערט אז דער מאן איז א מלמד, נ ד ו ל ע צ ו ם כ מ ה ש נ א מ ר, טאָמער איז ער נאָך א נרויסער, א ש אַרקער מלמד, נעהט עס וויא אין פסוק שטעהט : ו ב נ י י ש ר א ל פּ ר ו ו י ש ר צ ו און זאָ ווייטער.

**ורב כמה שנאמר.** ביים רב נעהט עס וויא נעשמיערט : ער נימ דעם מלמד א נט און נעהמט 5 דאָלאר, דאן נימ ער חופה וקידושין דיא מיסעס מיט'ן בארדער און נעהמט נאָך 5 דאָללאר.

**וירעו אותנו המצרים.** דיא רבנים זיינען פונקט וויא דיא ציניינער, מיט איין קליי-עם אונטערשיער: יענע פיהרען דיא פערד ארויס פון שטאל און דיא פיהרען דיא פערד צוריק אין שטאל....

# ויענונו כמה שנאמר.

אז מיר זאגען צו דיא רבנים: נו, נו, וואס הערט זיך מכות ציון, מכות ישוב ארץ ישראל, מכות קינדער ערציהונג, מכות אלעס וואס בעלאנגט צום כלל, ענט פערען זיי פיתום מיט רעמסס...

**ונצעק.** מען האט שוין גערעדט און געשריען און עס העלפט נים.

**ויוציאנו.** מיר האבען ארויסגעצויגען פון דער היים במורא גדול, מיט טוידט שרעק, נישט מעהר וויא דורך נאטס וואונדער, לא על ידי מלאך, ניט ווייל זייא זיינען דארט מלאכים, נאר פשוט ווייל זיי האבען אויף אונז אנגעשיקט גזרות מיט יסורים, זיינען מיר געקומען קיין אמעריקא און דא האבען מיר אנדערע יסורים, אנדערע שלעג און אנדערע מכות.

**ביד חזקה.** יעדער איינער זוכט איבער גוואלד רייך צו ווערען, אלע ווענען זיינען רעכט אבי צו מאכען א דאללאר, אלעס איז מותר און חזיר-פיס'ל כשר.

שונק איין דעם פינגער אין כוס און רייד מיט באק ציינער:

## דם ואש ותמרות עשן!

(מען מאכט פייערס אז עס געהט א רויך.)

**דבר אחר ביד חזקה.** א איד א חזיר מאכט צוויי מאהל הונדערט טויזענד.

**בזרוע נטויה שתים.** מיט א באנקראט מאכט מען ווידער רייש אלף דאלאר.

**במורא גדול שתים.** נייע צווייא מאהל הונדערט טויזענד דאללאר.

**באותות שתים.** וואס איז דער וואונדער אז מען מאכט ווייטער?

**ובמופתים שתים.** דורך א פייערדינגען וואונדער ווידער תרפ"ט אלפים.

---

בסך הכל; ווערט...... דאללאר.

# אלו עשר מכות.

**דאס זיינען דיא צעהן מכות וואס מיר האבען אין אמעריקא:**

| | |
|---|---|
| דם | דיא מטבע. |
| צפרדע | צבוע׳צקע פרומקייט, רעווערענדס דא־מא־ערניקעס. |
| כנים | כאפערס, נעהמערס, יונגאטשעס מלוה׳ס. |
| ערוב | עססעך־סטריטער ריסטאקראטען, וויסט־בראדווייער |
| דבר | דעמאגאגען, בארדיטשעווער רוססען. |
| שחין | שווארצע חברה, יונגע נפקהמינה׳ס. |
| ברד | בעריידערס, רכילות׳ניקעס, דומקעפף. |
| ארבה | אללערליי רעפארמיערטע בן הנדות. |
| חושך | חלשות׳דיגע ווייבער, שמוטציגע כאלאסטרע. |
| מכת בכורות | מורא׳דיגע כאמוקעס, תלוי״ס באנדע, קעשעניקעס, וואגאבונדען רוצחים, וויסטע תלמוד־תורות |

רב יהודה היה נותן בהם סימנים:

**א ר...״ נער אמעריקאנער פרענט אייך גל׳ייך: ,,האוי מאטש״, ,,וויפיעל ביזטו ווערטה?״ וואס איהר נעלד איז א סימן אז איהר זייט ,,אלל־רייטה״. כאמער ניט איז מען א רצ״ך, עד״ש, באח״ב.**

דאס איז טייטש:

**דלפון! צרה׳דינער בניאק! עלענדער דומקאפף! שלעפער!**
**בארוועסער אויסוואורף! חול־מעים׳דינער באדיונג!**

# רב יוסי הגלילי אומר

,,מנין אתה אומר שלקו המצרים במצרים עשר מכות ועל הים לקו חמשים מכות?״ פון וואנען איז נעדרונגען אז אין אמעריקא האבען דיא מצרים — דיא איינגעוואנדערטע אידישע ציגיינער נעבאך — צעהן מכות און אויפ׳ן ים האבען זיי נעהאט פונפציג מכות! דער תירוץ איז; אויסער דיא אמעריקאנישע צעהן מכות וואס מען

דערמאָפּס שוין אויפ'ן שיף זיינען דאָ אויף דער נסיעה אויפ'ן וואסער פונפציג אנדערע מכות, ואלו הן, דאָ וועלען מיר זיי אויסרעכענען;

מען קריעגט א מכה צו עסען.

מען קריעגט א מכה צו שלאָפען.

א מכה מיט וואס זיך צו צודעקען.

א מכה מיט וואס זיך אונטערצובעטען.

מען פערשטעהט א מכה ענגליש.

היינט ווער קען אויסרעכענען דיא מכות פון הארצען.

מען ריכט זיך צו האבען מכות פון דיא קרובים.

מכות פון דיא אבטע סטריט.

מכות אכזריות מיט פוסטע היסטאָריעס. א.ז.וו. א.ז.וו.

# רבי אליעזר אומר.

„מנין שכל מכה ומכה שהביא הקדוש ברוך הוא על המצרים במצרים היתה של ארבע מכות".

רב לאָזער פרעגט א קלאָטץ קשיא: פון וואנען ווייסען מיר אז יעדע מכה האט פיער געשווירען איינע אויף דיא אנדערע? שנאמר, ווייל עס שטעהט בפירוש; ישלח בם חרון אפו, מען וואוינט וויא „באָם'ס" אויפן פיער־טען פלאָר. „עברה" וזעם ענד קאָמפּאני" פערנעהמען דעם פּארלאר פלאָר און דעם בייסמענט. „משלחת מלאכי רעים" האבען אן איינענע פּראָפּערטי, אָבער דער אָרימער ארבייטער האט א מכה מיט פיער געשווירען איינע אויף דיא אנדערע, רב עקיבא דער לענדלאָרד זאגט; פיער פלאָר איז נאך ווייניג, האט ער צוגעלייגט א נייעם געשוויר.

# כמה מעלות טובות.

בערעכענט וויא פיעל טהייערע מעלות אמעריקא האט! ווען מיר וואָלטען ארויס פון רוסלאנד און ניט געקומען אין אזא פרייע מדינה איז דאך אויך „פלענטי", ווען מען איז שוין יאָ זוכה צו אזא מדינה און מען האט ניט קיין „דייטשע יהודים" איז דאך אויך פלענטי. ווען דייטשע יהודים זיינען שוין יאָ פאראן נאר קיין „אבטע סטריט" איז ניטאָ איז דאך אויך פלענטי, ווען דיא אבטע סטריט איז שוין דא און

עס זאל נאָר ניט זיין אזוי עהרליך איז דאך אויך פלענטי, ווען אלעס זאל שוין זיין עהרליך און נאָר קיין טעמפּלען זאל ניט זיין איז דאך אויך פלענטי. ווען דיא טעמפּלען זאלען יא זיין, נאָר מיידלעך זאָלען ניט זינגען פאר'ן עמוד איז דאָך אויך פלענטי. ווען מיידלעך זאלען שוין זינגען און דער ראבינער זאל ניט יוצא זיין אלעמען פון דאוונען איז דאך אויך פלענטי.

# על אחת כמה וכמה

סאָ וויא גוט איז עס און וויא וואויל,
אז מיר זיינען ארויס פון רוסלאנד נאקעט און הויל,
און מיר זיינען געקומען אין דיא פרייע אמעריקא,
וואו מיר האבען דייטשע יהודים געהערינגע,
דאצו קומט נאך דיא 8-טע שטראססע
און עהרליך איז מען א מאססע.
און מיר האָבען נאָך פיינע טעמפּלען
און מיידלעך וואס גרעמפּלען
און דער ראבינער איז מוציא דיא נשמות
און „א קאָר מיידעל" פערקלאָגט פאר בריטש אָף פראָמיס.

# רבן גמליאל היה אומר.

כל שלא אמר שלשה דברים. ווער עס האט ניט אָבגעמאכט דרייא זאכען, דער טויג ניט פאר אמעריקא, ואלו הן:

נגבה, גזלה און רציחה.

# פסח מצה ומרור.

פסח שהיו אבותינו אוכלים על שום מה? דעם פסח וואס אונזערע עלטערען האבען געגעסען אין איירא‍פּא איז געווען א כשר'ער אידישער פסח, דאָ אָבער אין אמעריקא קאָרמעט מען אונז מיט הכשרים, אלעס אויף דער וועלט טראָגט א הכשר: מיר האבען קריינק מיט א הכשר, מען קייט דיא ערד מיט א הכשר, יעצט וויל מען איינפיהרען א הכשר אויף „פּאָמפּעניקעלס של פסח" און א הכשר אויף קעז מיט צוועקעס.

# מצה זו שאנו אוכלים על שום מה?

ווארום עסען מיר מצה? על שום שלא הספיק. דער יונגער מאן האט קוים דערלעבט חתונה צו האבען האט ער שוין עופ'עלעך ארום זיך.... עד שנגלה עליהם מלך מלכי המלכים, איז דער גאנצער גליק וואס איז דא א גאט אויף דער וועלט שנאמר ווערט מען א איד א „נעהמער"... ויאפו את הבצק באקט מען דעם זויערען טייג פון מצרים.... וגם צדה לא עשו להם, און „סיידע" קימערט זיך ניט דארום, א זארג וואס אידען עסען, עס האט שוין געטראפען אז מען האט ענטדעקט אין א מצה א גאנצע דענ־טיסטרי, דאס איז, לויט וויא דער מצה בעקער זאגט, א זכר לטיט, אזוי וויא דיא אידען זיינען ארויס מיט גאנצע ביינער, זאלען זיי עסען מצה מיט צייהנער....

# מרור זה שאנו אוכלים על שום מה.

פארוואס עסען מיר אום פסח אזוינע ביטערנעס? ווייל אונז איז א גאנץ יאהר אזוי זיס דיא ארבייט אז ד"א חכמים האבען מורא געהאט טאמער וועלען מיר איין וואך ניט ארבייטען וועט דאך אונז נישט זיס זיין, עססען מיר דערפאר מרור.

# בכל דור ודור.

אין יעדען דור האבען מיר געהאט בעלי טובות און פערזארגער, ווער עס ניט אן עצה, ווער עס זאגט א גוט ווארט, אבער וויא עס קומט צו געלד שטארבט אין דעם אידען יעדער אבר. עס איז זיכער דאס ווען „יציאת מצרים" וואלט בעדארפט קאסטען דיא אידען עפעס קעש געלד, וואלטען זיי אויסגעקומען אהן משהן, פרעה וואלט פערלאנגט געלד און זיי וואלטען געגעבען מכות....

נעהם דעם כוס, צושפרייט זיך וויא ביים טאטען אין וויין שיינק און רייד:

**לפיכך.** דאריבער איז דער נס פון יציאת מצרים אזוי גרויס, ווייל עס האט אונז ניט געקאסט א פרוטה, און מיט גאט לאזט זיך האנדלען, ער האט אונז אריבערגעפיהרט דעם ים און מיר האבען איהם שעהן אדווערטייזט, פערלויבט און פערשריען וויא עס שטעהט: לפאר, לרומם, להדר, לברך

לעלה ולקלס (בעפוצט און געהויבען, געלויבט אין טאַג און געבענשט און ארויפגעדערלאנגט און גענוואלדעוועט ווייל ער האט אונז נעפיהרט מעבדות לחרות, פון שקלאפעריי אין פרייהייט, מיגון לשמחה און פון טרוי־ערנעם צו הוליאנקעס....

הללויה לויבט זיך פאנאנדער, הללו עבדי ד׳, לויבט איהר נעטליכע מענשען אונזער ליעבע אמעריקא. געבענשט זאל זיא זיין „ממזרח שמש עד מבואו", פון ניו הייווען ביז פאגיפסי, הערט א מדינה: המגביה לשבת, המשפילי לראות, וואס סעהר דוא ביזט געהויבען ליענסטו אלץ מעהר אין דר׳ערד, מקימי מעפר דל, דער דאללער הויבט אויף א טוידטען פון קבר, מאשפות ירים אביון, א שפאסס האט דא א ווערטה דער אָרימאַן, להושיבי עם נדיבים עם נדיבי עמו, זיצט שבעה נאך דיא פריצה׳שאפט ווייל עס וויקט זיך מאכען האם, האם.... מושיבי עקרת הבית, א דיענסט מיי־דעל וואס קעהרט דיא הויז, אם הבנים שמחה, איז אן אם פון קינדער, פרענט איהר „שטיימס" שמייכעלט זיא, אי לי כו לו קינדערלאך....

בצאת ישראל ממצרים. ווען ישראל איז ארויס קיין אמע־ריקא בית יעקב מעם לועז, האט ער נערעכענט צו פאהרען אין סאנט לואיז. היתה יהודה לקדשו, אם ענדע איז ער געוואָרען א בוטשער אין באסטאן, ישראל ממשלותיו, און האט א ממשלה אז ניט ליעב איז איהם? הים ראה וינוס, ווער עס האנדעלט מיט איהם א טאָג מוז אנטלויפען, הירדן יסב לאחור, דעם יאָהר־דיין נופא האט ער אויך זייט מיר מוחל.... ההרים רקדו כאילים, דער וואס איז ארים מוז עסען בא־ראָנעם אָבער גבעות כבני צאן, ווער עס איז אין קהל׳שע גבאות עסט ער יוננע שעפסעלעך.... מה לך הים כי תנוס? ווארום עפעם ים.... לויפסטו צו איהם אין בומשער שאפ, הירדן יסוב לאחור, יאהר דיין וואס קעהרסטו זיך ניט אום צו איהם מיט׳ן אחור? מלפני אדון חולי ארץ, דאס לאנד איז מכולה, ההופכי הצור אגם מים, מען ש ארבט און מען קעהרט זיך איבער פאר א צורת מטבע, חלמיש למעינו מים, מען שענקט אפילו קיין ביסל וואססער, אלעס איז מאָנאָפאָלאָזירט און מען וועט באלד זאָגען סיינע מים....

נעהם דעם כוס אין דער האנד און זאג:

**ברוך אתה** נעלויבט איז דיא שעה וואס איך האב ארויסגענומען דיא ערשטע סיטיזען פייפערס, ווענען דיא לעצטע, קיממערט זיך קיינער, זאל עס זיין דיין לעצטע דאנה.

**הנני מוכן ומזומן**. איך בין פיקס און פערטיג צו טרינקען דעם צווייטען כוס.

(טרינק און מאך א ברכה שהכל אזוי וויא איבער וואסער.)

**רחצה.** וואש זיך און פערגעס ניט אן נטילת ידים, ווייל „נעהמען" איז דער עיקר).

**מוציא.** (נעהם אלע דרייא מצות און עס זיי אויף איינע נאך דיא אנדערע, אויב דער מאגען האט ניט צופיעל חמץ).

**מצה.** אויב דיא ווייב מאכט עפעס א שטיקעלע קריעג אין הויז זאלסט איהר נעבען א רעכטע ביסל.

**מרור.** אויב איין כזית איז וועניג זאלסט איהר געבען מעהרער מרור....

**כן עשה הלל.** זלמן קלאטניק האט אויך אזוי געטהאן: היה כורך, ער איז געוועזן א קורח, מצה זיא האט זיך געקריעגט, ומרור און דער מיסטער האט איהר דערלאנגט אזוי ביחד מצות ומרורים.... יאכלוהו, און עס איז פערפאלען....

**שלחן ערוך.** אויב ביים טיש איז דא אן אורח שיקט מען איהם א היים.

**צפון.** נעהם דעם בעהאלטענעם אפיקומן פון הינטער דיין נעזעס און גיעב עס צו דיין שוויגער, דאס וועט זיא דערמאהנען וויא דוא האסט איהר אין זינען א גאנץ יאהר....

**ברך.** בענשען איז אן איבעריגע זאך, אמעריקא איז שוין פון לאנג געבענשט.

הלל. הייס אנגיעסען דעם כוס און מאך אויף דיא טהיער און זאג.

שפוך חמתך. ניעס ארויס, שוויענער, אל הגוים, אויף דיא גוים אזא זופ.... אשר לא ידעוך אז נים קעננען זאל מען עס ואשר בשמך לא קראו, נים פאר קיינעם גערדאכט. כי אכל את יעקב, ווער קען עסען דיא יאקע.... ואת נוהו השמו, א נאוויגע דעם ארימאן צו עססען סם....

לא לנו, לא לנו. אי וואס פאר א נארישער מענש דער מענש איז! עצביהם כסף וזהב, אז ביי איהם איז נאר כסף וזהב, מעשה ידי אדם, און זאגט נאך אז ער איז מעשה מענש! פה להם ולא ידברו, פע עס איז מיאוס צו זאגען, ער האט אויגע און זעהט נאר דעם זיך, ער האט הענד אויף צו פאקען אין דיא קעשענעס, ער האט פיס יענעם צו פערקויפען און פערכאפען און האט א נאז.... אי א וועלט מיט נאז מיט אזוי פיעל פליענגען אין דער נאז....

אהבתי כי ישמע. איך האב ליעב צו הערען וויא מענשען ריידען זיך איין און ווילען נאך יענעם איינריידען אז אמעריקא איז דיא קרוין פון אלע לענדער, דיא אויבערשטע פון בענשען, דער צימעס פון אייראפא, שומר פתאים ד׳ גאט זאל אונז היטען פון אזעלכע מיני פתאים, דלותי ולי יהושיע, וואס העלפט דעם דלות אלע אמעריקאנישע גליקען, אתהלך לפני ד׳ בארצות החים סך הכול איז יעדער נענאנגען אין אמעריקא צו מאכען א חיים, האמנתי כי אדבר איך האב געמיינט אז איך וועל ריידען ענגליש אני ענתי מאד בין איך שוין געהאלפען, דער סוף איז כל האדם כוזב, א וועלט מיט ליענגער און מיט בלאף!

מה אשיב לד׳ כל תגמולוהי עלי גאט זאל נאר ענטווערען דעם מאן וואס נעהמט ווייד׳שעס, יקר בעיני ד׳ המותה לחסידיו, עס איז שוין טהייערער דער טוידט איידער אזא לעבען, כי אני עבדך בן אמתך פתחת למוסרי, צו זיין א קנעכט בייא יענעם איז גלייך וויא עס עפענט זיך א גרוב, לך אזבח זבח תודה מען קוילעט דעם ארימען ארבייטער ובשם ד׳ אקרא און מען בערופט זיך אויף גאט וואס מאכט ארים און רייך, נדרי לד׳ אשלם נגדה נא לכל עמו, וואו מען דארף זיך אבער אויספיינען פאר דער וועלט ניט דער באס פיינע

נדרים און נדבות, בחצרות בית ד׳ אין שוהל און אין בית מדרש בתוככי ירושלים הכלויה, און נאָר אויף דער עלטער פאָהרט ער אין ירושלים און זינגט הללויה.

הודו לד׳ נאָט צו דאנקען וואָס דער קבצן איז א כי לעולם חסדו.

יאמר נא ישראל. טאָמער הויבט ער אָן זיך צו קריעמען זאָגט מען איהם, כי לעולם חסדו.

יאמרו נא בית אהרן. א באָס פון א פראָפערטי מעג אודאי זאָגען כי לעולם חסדו.

יאמרו נא יראי ד׳. מען זאָגט איהם מוסר ער זאָל מורא האבען פאַר׳ן כי לעולם חסדו.

מן המצר קראתי יה. אז בשעת עס איז מיר נאָר שלעכט אין אמעריקא מאַך איך א גוואלד צו גאָט ענני במרחב יה, קען איך מיר שוין מאכען א בריטע חיונה. ד׳ לי בעוזרי, איך פערהעלף מיר מיט גאָט ואני אראה בשונאי זעה איך מיר מיט א שעהנע מטבע. טוב לחסות בד׳ מבטוח באדם, שוין בעסער צו האנדלען מיט גאָט, איידער מיט א שלעכטען מענשען, קול רנה וישועה באהלי צדיקים ימין ד׳ עושה חיל, א הוליאנקע מיט א שמחה ביי דיא לענדלאָרס :עס נעשטיענען רענט, לא אמות כי אחיה, דער אָרימאַן וועט שטאַרבען פאַר הונגער און מיר וועלען לעבען און נעהמען דאָפפעלט, אבן מאסו הבונים מען בויט נייע פראָפערטים היתה לראש פינה, וואו מען וואַרפט א פין איז א מענטשעשע קאָפּ, מאת ד׳ היתה זאת אזוי איז שוין בעשערט מסתמא, היא נפלאת בעינינו, נאָך אונזערע אויגען וועט אפילו דיא פראָפערטי איינפאלען, נאָר זאָל עס זיין אונזער לעטצטע דאנה!....

אנא ד׳ הושיעה נא בשעת דער אָרימאַן האלט נאָך ביי „הושיעה נא" איז שוין דער גביר א סך ווייטער און שרייט שוין „הצליחה נא", ווייל ער ווייס אז אין אמעריקא מוז מען כאפּען, אפילו אין דאַוונען....

# הודו לד׳ כי טוב כי לעולם חסדו.

נאָם צו דאנקען, עס איז וואויל, אויבּינ דערצעהלט מען אונז א „חאסרע״, מען זאָגט אונז צו אז שפּעטער, נאָר שפּעטער וועט דיא וועלט ווערען פול מיט מלאכים, יעדער זינדינגער בּשר ודם וועט ניט דארפען מעהר קיין הענד און קיין פיס, קיין לייב און קיין לעבען, („הענט״ מיינט מען ארב׳יטער, „פיס״ מיינט מען באַנקראָטירען, פוה פושט את הרגל, מען מאכט פיס, לייב מיינט מען דיא אידענע, וואס זעטצט זיה אָן אויפ׳ן מאן, און דער „לעבען״ איז דאך דער דאללער....) אזוי פערשפּרעכט מען אונז גליקען מיט חאסדעס און זייא ווערען קיין מאהל ניט מקוים.

**נשמת כל חי.** דיא נשמה פון יעדען לעבענדינען מענשען איז אָסור וויא א שטרויזאק, כל בשר תפאר ותרומם, אפילו א פויער עסט אויך בשר היינטינע צייטען, וכל קרבי את שם קדשו און א אידישער אָרימאַן איז נעצוואונגען צו עסען דיא איננעווייד אין דיא ערשטע נאכט פון פסח, ווייל דיא פלייש איז בלוטיג טהייער.

**שוכן עד מרום וקדוש שמו.** איך קען מיינעם א שכן וואס ער איז ארונטערנעפאלען פון „מרום״ (פינפטען פלאָר) וקדוש שמו, איז ער נעבליבען א קדוש.

**ובמקהלות רבבות עמך.** דיא כלות דיא היינטינע, ברנה יתפאר ריהמען זיך מיט זייער זינגען שכן חובת כל היצורים און דיא פּפליכט פון א פרויא הויבען זייא ניט אהן צו וויסען. להודות, נאר זיך לויבען, להלל, זיך בלאזען, כשבח, זיך פערביינען, לפאר זיך ריהמען, לרומם זיך הויבען להדר, זיך בעשעהנען, לברך זיך בענטשען, כעלה, אין „טאנץ האללע״ ולקלס, אזויא זיינען אונזערע כלות! ........................................................

..........................................................................

..........................................................................

גיעס אַן דעם בעכער און רייד עברי!

איך בין פיקס און פערטיג צו טרינקען דעם פיערטען כוס,
א דאנק דעם רבונו של עולם פאר ויין מיט וואסער אמאָס.

נרצה. איך בין צופריערען, א ברירה האָב איך?

**חסל סדור פסח כהלכתו** · זאָל דער פסח זיך געהן געזונדערהייד וואס העלפען דיא דבורים מיט דיא רייד, אזוי וויא מיר פייערען היינט יום טוב מיט פרייד, זאלען מיר דערלעבען אי־בער א יאָהר און זיין אין ירושלים נאָר.

# ובכן בחצי הלילה.

אַז רוב נסים הפלאת בלילה. וויא פיעל נסים עס פּאססירט ביי נאכט! דיא מיסים איז אנטלאפען מיט'ן באַרדער ביי דער נאכט, לואי בראנדיגער האט פערברענט זיין שאפ ביי נאכט, סערע דיא קאלטען האט געבאפט איהר מאַן מיט דיא פינישער'ן אויפ'ן רוף בייא דער נאכט, דער רוססישער קייזער קען ניט איינשלאפען ביז האלבע נאכט. אונזערע פאָליטישענס שכור'ען ביי נאכט. אין עלען סטריטס ווערט ביזע נאך האלבע נאכט. יעדער איד לעזט א רויבער געשיכטע ביז האלבע נאכט, אין אידישען טהעאטער שפּיעלט מען תמיד ביז שפּעט אין דער נאכט, דער פרינץ אוו ווילס מאַכט א קערטעל דריי מעת־לעת מיט א נאכט, און שניפּ־שאק און ווילנע זיטצט מען און מען לערנט ביי נאכט און אלע צרות קומען ארויס פון „אווערטיים" ביי דער נאכט.... היימאן טלוצקי איז אוועק מיט דיא „באנק" אין קענעדע ביי נאכט און סיימאן קנוצקי האט ארויס געטריעבען דיא דיענסט ביי נאכט.... אלע גנבים מאכען א לעבען ביי דער נאכט און קיין מיללויאנער שלאפט ניט אזוי זיס וויא א קבצן ביי נאכט. וואס מיר האט זיך נעחלום'ט א גאנץ יאהר ביי נאכט בעשרייב איך יעטצט אין דער הגדה וואס איך מאך ביי דער נאכט.

# ובכן ואמרתם זבח פסח.

**ווען** דוא קענסט זאללסט קוילענען פאר פסח, ווען דו קענען מאכען א שעהנעם פסח. קענסט באנקראטירען, זאָלסט באנקראָטירען פאר פסח וועסטו

האבען א שעהנעם פסח. אויב דוא קענסט שינדען פון ארבייטער דיא הויט זאלסטו עס טהאָן פאר פסח וועסטו האבען א שעהנעם פסח. טאָמער ווילסטו חתונה האָבען זאָלסטו חתונה האָבען פאר פסח וועסטו האבען א שעהנעם פסח. טאָמער קענסטו עפּעס דיינעם א קאנקורענט בעגראָבען זאָלסטו איהם בעגראָבען פאר פסח וועט ער ליגען אין דר׳ערד אויף פסח. פערלאַנגט מען ביי דיר א הכשר זאָלסטו עס נעבען פאר פסח ווייל נאכדעם האט מען דיר אין דר׳ערד אויף פסח. טאמער ווילסטו זיך נט׳ען מיט א ווייב זאלסטו איהר נט׳ן פאר פסח וועסטו זיין א פרייער מענש אום פסח....

# כי לו נאה, כי לו יאה.

(אללעס איז שיין אין אמעריקא)

נאַ דיר א מרוכה, מען לעבט פון שוועכטאָם דוחי, עס פאלט אזש א סקרוחי א כאך אויף א כאך, קיין שבת, קיין וואך, נאר צרות און בראך, כי לו נאה, כי לו יאה.

מלך במלוכה. דער באָס איז דא א מלך, דעם ארבייטער נישט פריילעך, א דירה וויא א לאך, קיין שבת קיין וואך, נאר צרות און בראך, כי לו נאה כי לו יאה.

# אדיר הוא יבנה ביתו בקרוב.

אויב ער איז א איד וואס יעדער זאגט איהם „נא דיר״ און מען טרויט איהם נעלד איינפאך, וועט ער בויען א פּראפּערטי אין קורצען. גדול הוא, דגול הוא, „א נדול״ אדער א למדן קען ער זיך אויף בויען א פּראפּערטי. „טהור״ הוא, אויב ער האט א ריינעם נאמען יבנה ביתו בקרוב זאל ער בויען דאס הויז אויף זיין נאמען. למוד הוא, אויב ער האט שוין נע-לעזען און נעלערנט „הלכות מסחר״ ווייס ער דאך אז „ביתו זו אשתו״ זאל ער פערשרייבען דיא פּראפּערטי אויף זיין ווייב׳ס נאמען און אליין באנקראטירען.... אל בנה, אל בנה, בנה ביתך בקרוב, אויב איינער איז א פאליטישען און א תקיף אין אלבאני וועט ער אויך אם ירצה שם האבען א פּראפּערטי.

# אחד מי יודע.

**ווער ווייס איינס?** איינס ווייס איך:

דעם אָרימאַן איז אַלץ א י י נ ס, אזוי אָדער אזוי שטאַרבט ער פון הונגער

**ווער ווייס צוויא?** צווייא ווייס איך:

צווייא אידען קענען קיין מאָל ניט לעבען **בשלום.**

**ווער ווייס דרייא?** דרייא ווייס איך:

יעדער דרייהט א קאָפּ איבער **דעם אונגליקליכען דריי־פוס.**

**ווער ווייס פיער?** פיער ווייס איך:

פיער מאָל נעהט א אידישער קאַסטימער אריין **און ארויס** ביז ער קויפט אן ארטיקעל אין א סטאָר.

**פינף ווער ווייס?** פינף ווייס איך:

פינף מאָל דארף מען אין אמעריקא באַנקראָטירען **ביז מען** קריעגט דעם פולען צוטרויען צו א מענשען....

**זעקס ווער ווייס?** זעקס ווייס איך:

זעקס פלאָר הויך איז דיא ניעדרינסטע **הויז אין ניויאָרק.**

**זיעבען ווער ווייס?** זיעבען ווייס איך;

זיעבען טעג איז דאָ איז וואָך, פאַר'ן **ארבייטער האט מען** אויסגעפונען „אָווער טיים" אלס צוגאָב.

**אכט ווער ווייס?** אכט ווייס איך:

דער איד איז נעבאָך פעראכט.

ניין ווער ווייס ? ניין ווייס איך :

ניין חדשים נאך דער חתונה זעהט מען זיך ארום אז עס האט נים געלוינט.

צעהן ווער ווייס ? צעהן ווייס איך :

עס זיינען דא א סך רבנים וואס מען דארף זיי אויף צעהן....

עלף ווער ווייס ? עלף ווייס איך :

אין אמעריקא איז „העלפּ יור סעלף״.

צוועלף ווער ווייס ? צוועלף ווייס איך :

צוועלף אידען גרינדען א לאדזש און ניין קומען נים צום מיט־טינג אויסער דיא דרייא בעאמטע.

דרייצעהן ווער ווייס ? דרייצעהן ווייס איך :

צו דרייצעהן יאהר האלט יעדער אמעריקאנער אינגעל א ספּיטש חאטש ער קען נים קיין עברי....

---

# הדגדיא.

איין דאללאר, איין דאללאר,
הלואי פוילען זאל ער,
עס זיטצט אין ווארקשאפּ אן אפּרייטער,
א גאנצע וואך דעם רעדעל דרעהט ער,
און סייווט אב
איין דאללאר, איין דאללאר.

---

דאָ קומט א ביינקער וואס נעהמט א דאָללאר
און כאַפּט א טריין א מאָנטרעאָללער,
און פיהרט אָוועק דאס געלד דיא ביסעל
פון ארבייטער וואס גלייך צום וויסעל
לויפט יעדער איינער א צודרייהטער,
פון קאָטער ביז צום אפּערייטער,
איין דאללאר, איין דאללאר.

---

דאָ קומט א חברה מאַן א קלוגער
וואָס צאַפּט דעם ביינקער דעם בעטריגער,
וואס האט פערנומען פרעמדע דאללער,
און כאַפּט א טריין א מאָנטרעאָללער
און פיהרט אוועק דאס געלד דיא ביסעל
פון ארבייטער וואס גלייך ביים וויסעל
לויפט יעדער איינער א צודרייהטער
פון קאָטער ביז צום אפּערייטער,
איין דאללאר, איין דאללאר.

---

דאָ קומט אן אנדער יונג „א סמאַרטער"
און מאכט מיט יענעם דעם טהעאַטער,
און צאַפּט דעם חברה מאַן דעם קלוגען
וואס האט פערשטאַנען צו בעטריגען
דעם ביינקער מיט דיא פרעמדע דאללער,
וואס כאַפּט א טריין א מאָנטרעאָללער,
און פיהרט אוועק דאס געלד דיא ביסעל,
פון ארבייטער וואס גלייך ביים וויסעל,
לויפט יעדער איינער א צודרייהטער
פון קאָטער ביז צום אפּערייטער.
איין דאללאר, איין דאללאר

---

דאַ קומט א מאַן וויא נוגד דער אלטער,
א גזלן און דער ביי א קאלטער,
וואס איז פון יענעם נאך פיעל סמארטער,
און שפיעלט מיט איהם יעצט א טהעאטער,
וויא ער פלעגט מאכען מיט דעם קלונען
וואס האט פערשטאנען צו בעטרינען,
דעם ביינקער מיט דיא פרעמדע דאללער,
וואס כאפט א טריין א מאנטריאללער,
און פיהרט אוועק דאס געלד דיא ביסעל
פון ארבייטער וואס גלייך ביים ווימעל
לויפט יעדער איינער א צודרייהטער,
פון קאטער ביז צום אפרייטער
איין דאללאר, איין דאללאר.

ג נ ד ע.

---

# ספורי נפלאות.

## אַ שעהנע מעשה, נאָר אַ קורצע.

דער גרעסטער אמת איז אַ ליעגען,
אַזוי זאָגט דער גרעסטער ליגנער — די וועלט

אַ מאָל אין אַ צייט, ערגעץ גאַנץ ווייט, אין דערמיט אָז אַ זייט, צווישען בער-ריטשעוו און מצרים, ניט ווייט פון שניפּעשאָק, גאַנץ נאָהענט פון ירושלם, אויף אַ באַרג אַ הויכען, אין אַ טהאָל אַ טיעפען, אין אַ הילצערנעם פּאַלאַץ פון גלאָז גע-שליעפען, האָט געוואוינט איינער, אַ הויכער, אַ דיקער, אַ דאַרער, אַ קליינער. ער איז געוועזן אַ גוטער, אַ וואוילער, אַ שלעכטער, אַ בייזער, ווייל איבערן גאַנצען לאַנד איז ער געוועזן קייזער. ער איז געוועזן שטאַרק רייך, אָבער שרעקליך אָרים. פרעגט ניט פאַרוואָס. יעדער וואָרום האָט אַ דאָרום. ער איז געוועזן איבער פיעלע לענדער קעניג, אָבער וויפיעל ער האָט געהאַט, איז איהם אַלץ געוועזן וועניג. ער האָט צוגענומען אַלעס ביי זיינע אונטערטהאַנען: זייערע לעפעל, זייערע שיסעל און זאַגאַר זייערע קאַנען; זייערע אָקסען, זייערע שאָף און זייערע רינדער, זייערע פעלדער, זייערע וועלדער און זאָגאַר זייערע קינדער.

ווי ער האָט געהייסען, ווילט איהר אודאי וויסען, איך קען אייך זאָגען זיין נאָמען דעם זיסען. ער האָט געהייסען קייסער קאַצאַפּיאַן און איז געוועזן אַ גרוי-סער גראָביאַן.

אַמאָל איז אונזער קייסער קאַצאַפּיאַן געפאַלען גאָר אויף אַ נייעם פּלאַן. ער האָט ניט לאַנג געטראַכט, האָט זיך בערעכענט און בעדאַכט, ער זאָל מיט אַלעמען אַ קריעג פיהרען און צונעהמען אַלעס, וואָס ער וועט בעריהרען. ער האָט פערזאַ-מעלט אַ גרויסע אַרמעע פון אַלערליי סאָלדאַטען: יונגע, אַלטע, רעווערענדס און אַדוואָקאַטען, שטערנזעהער, פילאָזאָפען און זינגער, בייטעלשניידער, גלחים, טענצער און שפּרינגער. ער האָט אויך צונויפגענומען פּראָוויאַנט גאָר אָהן אַ

שיעור: פלייש, שטרוי, זאמד, ברויט, וואסער און לאגער ביר. אזא אָרמעע קען זיך אויפ׳ן וועג פערמעהרען און וויפיעל מען זאָל ניט אנגרייטען, וועט זי אַלעס פאר־צעהרען.

ער איז געגאנגען מיט זיין אַרמעע וואלד-אויס, וואלד-איין, פון איין שטאָדט ארויס, אין די אנדערע שטאָדט אריין, איבער בערג, טהאָלען און פעלדער, איבער וואַסערען, טייכען און וועלדער. אזוי איז ער געגאנגען פיעלע יאָהרען און איז קיין מאָהל ניט מיעד געוואָרען. ער וואָלט מיט זיין ארמעע ערגעץ פערפאלען געוואָרען, ווען עס וואָלט זיך איהם ניט געטראָפען א נס: א רייזע, וואָס מען דאַרף מאַכען הונדערטמער יאָהרען, האָט ער געמאַכט אין איין מעת־לעת.

ער איז צוגעקומען צו אַ שטאָדט מיט שטאַרקע מויערען, מיט פאַפיערענע ווענט און גלעזערנע טהויערען. ער האָט אריינגעקוקט דורך די גלעזערנע טהויערן אין אַריבער די הויכע מויערן און ערשטוינט איז ער געבליבען שטעהן, אזאַ וואונ־דער האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געזעהן, די שטאָדט איז געווען גרויס און זעהר רייך, אַרום איהר האָט זיך געגאָסען פון מילך אַ טייך. אין די ברייטע, לאַנגע גאַ־סען, אויף די שמאַלע, קורצע שטראַסען זיינען געווען אויסגעשפרייט טהייערע דע־קען און אַלערליי סאָרטען מוזיק האָבען געשפּיעלט אין אַלע עקען. פון׳ם הימעל זיינען אראָפּגעפלויגען געבראָטענע טויבען און פון דער ערד זיינען ארויסגעוואק־סען מענטעל, רעק, שלייערס און הויבען. פיר יעדער שטוב איז געווען געדעקט אַ טיש און אַרום איהם האָבען שפּאַצירט געקאָכטע פיש. געבראָטענע אָקסען מיט אַ מעסער אין רוקען זיינען געגאַנגען צו יעדען זיך בוקען און בעטען, אַז מען זאָל אַן זיי ניט פערגעסען, זיי זיינען פערטיג מיט זאַלץ און שמאַלץ און גוט צו עסען.

אין דיעזער שטאָדט איז געווען אַ קייסער מיט׳ן נאָמען יוסטיניאַן, ער איז אָבער געווען פון אַן אַנדער סאָרט אַ מאַן. ער האָט מיט קיינעם ניט געוואָלט קריעג פיהרען, וואָס עס איז יענעמס, האָט ער ניט געוואָלט אַנריהרען. וויפיעל ער האָט געהאַט איז פאַר איהם געווען גענוג. אייניגע זאָגען, אַז דערמיט איז ער ניט געווען קלוג. אזאַ סאָרט מאַן איז אָבער געווען קייזער יוסטיניאַן. ער איז געווען צופרידען מיט זיין לאַנד און קיין זאַך איז ביי איהם ניט געווען קיין שאַנד. ער פלעגט אַליין געהן אין וואַלד האַקען האָלץ און ברענגען זיין פרוי, זי זאָל האָבען מיט וואָס צו קאָכען און צו באַקען. זיינע טעכטער פלעגען דרעהען דעם שפּינראָד און זיינע זיהן פלעגען אַליין הייצען די באָד. זיין פרוי איז אַליין געשטאַנען אין קיך, האָט גע־

קאכט און געבאקען גוט און גיך. דערפאר האט דער קייסער יוסטיניאן קיינמאל ניט גערארפט לייהען אדער בארגען. ער האט געלעבט גליקליך און האט ניט גע-האט קיין זארגען.

ווען דער קייסער יוסטיניאן האט דערהערט, וואס פאר א גליק גאט האט איהם בעשעהרט, אז צו איהם איז געקומען דער קייסער קאצאפיאן מיט א גאנצע ארמעע פון סאלדאטען, שווינדלער און אדוואקאטען, האט ער זיך זעהר שטארק דערשראקען און איז ארויסגעלאפען פון זיין פאלאץ אין א חאלאט און נור אין זאקען.

— אזא גרויסען קייסער מוז מען אויפנעהמען מיט פאראד האט ער גע-זאגט צו זיינעם א דיפלאמאט.

אזוי ווי ער האט אבער ניט געהאט קיין ארמעע און קיין קאמאנדיר, קיין סאלדאט, קיין גענעראל און קיין אפיציער איז ער געגאנגען אליין נאר מיט זיין סוויטע : ער, זיין דיפלאמאט און זיין פרוי איז געווען די דריטע. ער איז ארויס פון דער שטאדט און האט זיך פארגעשטעלט דעם קייסער קאצאפיאן, אז ער איז א גרויסער הערשער און הייסט קייסער יוסטיניאן.

קייסער קאצאפיאן האט איהם פון קאפ ביז אין די פיס בעטראכט און האט זיך שטארק צולאכט.

— ווי איז דאס מעגליך א לאנד צו רעגירען אהן ביקסען און אהן סאלדאטען? ווי אזוי קען מען א מלוכה פיהרען אהן פאליטיקער און אהן אדוואקאטען ?

— קום צו מיר און בעטראכט מיין טראהן, האט געענטפערט מיט א שמייכעל קייסער יוסטיניאן, איך וועל דיך זעצען אין מיין פאלאץ אויבען-אן און דו וועסט זעהן, ליעבער קאצאפיאן, אז אויך אהן סאלדאטען קען מען רוהיג לעבען, און אויך אהן אדוואקאטען קען מען דאס גליק ערשטרעבען.

ער האט איהם אריינגעפיהרט צו זיך אין פאלאץ און האט איהם געוויעזען זיין גאנצען שאץ. זיין שלאס איז געווען געבויט פון האלץ און פון ציעגעל, די טהירען זיינען געשטאנען אפען, זיי האבען ניט געהאט קיין שלעסער און קיינע ריעגעל. ווער עס האט געוואלט איז צום קייסער געקומען און וואס עס איז איהם געפעהלען, האט ער זיך גענומען. איך מוז זאגען די וואהרהייט אום דעם קייסער ניט צו פארשעהמען, עס איז ביי איהם ניט געווען פיעל וואס צו נעהמען.

אין דיעזע צייט זיינען געקומען צום קייסער יוסטיניאן צוויי פון זיינע אונ-

טערטהאנען מיט שיעסעל, טעלער, לעפעל און קאנען. זיי זיינען געקומען איהם צו בעריכטען, אז זיי האבען צווישען זיך אײשטרייט צו שליכטען. קייסער יוס-טיניאן האט זיך געזעצט אויף זיין טראהן און האט געבעטען זיין גאסט, ער זאל זיך זעצען לעבען איהם אויבען-אן.

— לאמיר הערען, וואס די מענשען פארדערען. ווען עס איז מעגליך, וועל איך אלעס פאר זיי ארדערען, האט געזאגט פריינדליך קייסער יוסטיניאן צו זיין גאסט קאצאפיאן.

— איך האב געקויפט א הויף מיט א שטוב, האט געזאגט דער ערשטער מאן אין הויף האב איך אויסגעגראבען א גרוב, אזוי האט עס געפאסט צו מיין פלאן. אין גרוב האב איך אויסגעפונען אן אוצר: דימאנטען, בריליאנטען און געלד און אלע טהייערע זאכען פון דער וועלט. איך האב אבער געקויפט נור דעם הויף מיט דער שטוב, אבער ניט דעם אוצר פון דער גרוב. דער הויף און די שטוב געהערן מיר, אבער ניט דער אוצר, דארום בין איך געקומען צו דיר, איך בין גאר ניט אזוי שלעכט איך זאל צונעהמען א זאך אויף וואס איך האב ניט קיין רעכט. לאז ער זיך צונעהמען דעם אוצר, דאס געלד און לאמיך רוהיג לעבען אין מיין געצעלט.

— און וואס ווילסטו? האט געפרעגט קייסער יוסטיניאן זיין צווייטען אונ-טערטהאן.

— איך האב פערקויפט דעם הויף און די שטוב, געהערט איהם דער אוצר פון דער גרוב. איך קען ניט נעהמען א זאך וואס געהערט ניט מיר, דארום בין איך געקומען צו דיר, איך וויים אז דו ביזט א הערשער א גערעכטער, דו קענסט מיך אז איך בין א מענש קיין שלעכטער. זאג, קייסער, דיין אורטהייל פון דיין טראהן און בעפרייע מיך פון דיעזען מאן'ס פרעטענזיאן. לאז ער זיך צונעהמען דעם אוצר אליין, איך וויל פון איהם ניט וויסען, עס מעג זיין גרויס אדער קליין.

לאנג האט קייסער יוסטיניאן געטראכט, ער האט זיך איבערלעגט און אי־בערדאכט. ער האט זיך גוט בעקלערט און דעם קאפ געבראכען איידער ער האט זיין אורטהייל אויסגעשפראכען. ענדליך האט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין טראהן און האט געפרעגט מיט א פריינדליכען טאן :

— האסט דו א זוהן ? האט ער געפרעגט דעם ערשטען מאן. — האסט דו א טאכטער? האט ער זיך געווענדעט צו זיין צווייטען אונטערטהאן.

— יא, געוויס ! האבען געענטפערטביידע מיט א מאל און האבען אויס-געשריען מיט איין קול.

— דאן איז ליכט אייער שטרייט צו שליכטען. איך וועל עס שוין גוט איינריכטען. לאז דיין זוהן זיין טאכטער נעהמען, איהר האט זיך איינער מיט'ן אנדערען ניט וואס צו שעהמען. אלס נדן זאלט איהר זיי דעם אוצר געבען און לאזען זיי ביידע פרעהליך און גליקליך לעבען.

דא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען קייסער קאצאפיאן און האט אנגעהויבען אזוי שטארק צו לאכען, אז די ווענט האבען אנגעהויבען צו ציטערען און דער פאלאץ צו קראכען. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין אויבען אן און האט געזאגט מיט א שטאלצען, הויכען טאן:

— דו ביזט ניט קיין קייסער, מיין ליעבער יוסטיניאן, דו ביזט א קלאץ און ניט קיין מאן; דו ביזט א בהמה, א פערד און ביזט ניט ווערטה, וואס עס טראגט דיך די ערד.

קייסער יוסטיניאן האט זיך פיינד געהאט צו בעליידיגען, דאס מאל אבער האט ער געוואלט זיך פערטהיידיגען. ער האט זיך געווענדעט צום קייסער קאצאפיאן:

— ווי אזוי וואלסט דו גע'פסק'ענט, מיין ליעבער מאן? וואס וואלסט דו געטהאן אין דיין לאנד, ווען עס זאל פאר דיר קומען אזא משפט צו דער האנד?

— איך וואלט געווים גאנץ אנדערש געטהאן, האט געזאגט קאצאפיאן מיט א שטרענגער טאן. איך וואלט זיי ביידען דעם קאפ צובראכען, איינעם וואלט איך געקוילעט, דעם אנדערען געשטאכען און וואלט זיי ארויסגעווארפען פאר דער טהיר און דעם אוצר וואלט איך צוגענומען — מיר. דאס איז מיין יושר, דאס איז מיין רעכט, ווייל איך בין דער הערשער און זיי זיינען די קנעכט.

קייסער יוסטיניאן איז געבליעבען זיצען ווי פערשטיינערט אויף זיין ארט און האט א גאנץ לאנגע צייט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. ענדליך איז ער צו זיך געקומען און האט אנגעהויבען שטילערהייט צו ברומען:

— זאג נאר, מיין ליעבער מאן, דו גרויסער הערשער קאצאפיאן, שיינט ביי אייך די זון, די לבנה און די שטערען?

— געווים, האט געענטפערט קאצאפיאן גאר ניט געטראכט, די זון שיינט ביי אונז ביי טאג און די לבנה מיט די שטערן בעלייכטען די נאכט.

— געפינען זיך אויף אייער ערד, קיה, אקסען, עזלען און פערד?

— וואס זיינען דאס פאר פראגען? אדער ווילסט דו מיר פלאגען? נא דיר אניי מיין שטראף! געווים זיינען דא בוימער אין לאנד פערד, עזלען קיה און שאף.

— יעצט פארשטעה איך, האט געזאגט יוסטיניאן געלאסען, עריסט יעצט קען איך אלעס אויפפאסען, די זון, די לבנה און די שטערן לייכטען נ״ט צוליעב אייך, איהר שלעכטער מענשענקינדער; זיי שיינען און לייכטען צוליעב די אונשולדיגע קיה, אקסען, שאף און רינדער. מיובנענאט.

וועו דער מענש וועט זיין צום מענשע
גום פון אָנפאנג ביז צום סוף,
ווען מען וועט ניט געהן זיך בענשען
ניט ביים גלח, ניט ביים רב.
ווען דער קייזער מיט׳ן פריין
וועלען זיין וויא אויסגעמעקס.
„המוציא לחם מן הארץ״,
פארן ארבייט׳ס מאן, רעספעקט !
דאן עס וועט זיין דיא לויה
נאך דיא שווינדלערשע חבריה
און דיא וואהרהייט ניט א שיין
דאן וועט יעדער גליקליך זיין.

א. ס. שארקאנסקי